# אינהאַלט


I

צו מיינע ברידער — 9
ווייסע נאַכט — 12
פון וואַנען איך קום — 14
ערב פרילינג — 16
שעמפּע — 18
לאָרעליי — 21
גוטמאָרגן — 22
קאָנטרי באַנקעט — 24
ער איז קריקגעקומען — 26

II

פירע לידער — 31
אַ צייכן — 34
דו ביסט — 34
מיר — 35
אויף איין מינוט — 36
סעפּטעמבער — 36
פאַרגאַנג — 37
דאָס ליכט פון דער וועלט — 38
דערינערונג — 39
זעכצניעריקע — 40
אַנדזשעלינאַ — 41
ליידיס — 42
דייק האַרבסט — 43
אַקאָרד — 43
טריאָלעטן — 44
נאָכן קאַרניוואַל — 46
צו אַ דיכטערין —
שטאַם פון מיין שטאַם — 48
שטילקייט און טרויער — 49
צו דיר — פון מיר — 50
אַז די ליבע פייגל — 51
באַגינען — 52
מעמענטאָ — 53
אַ גאָרטן — 54

III

סאַן פראַנציסקאָ —
ווינטן — 57
פייגל — 58
פון ים — 59
פאַרנאַכט לעבן ים — 59
וועגן צוויי — 60
אין שטילקייט — 62
נאַכט סילועטן — 63
איך האָב געזען דאָס פאַלן —
פון דעם ערשטן שניי — 65
געשטאַלטן — 67
נאַכט — 69
אַ פידלער — 70
לבנה — 71
איינגעמויערט — 72
אַ נעפּלדיקער טאָג — 73
פאַר אַ ביין — 74
אַ קבצן — 74
VORTEX — 75
שפּיגלשפּראַך — 76
דיינע גראָזן — 77
ערד — 77
שאָטנבערג —
טאַפּעטן — 78
דאָס וויפלטע מאָל — 79
שאָטנבערג — 80
ליים — 81
אַרום דעם רונדן טיש — 82
פּרעלוד — 83
אומענדלעך — 84
זונפאַרגיין — 85
מיט לודוויגן — 86
אָונטלאַנד — 88
די יונגע זקנים — 89
וואָס דער וואַגאַבונד האָט מיר
דערציילט — 90
לעגענדע — 91

דאָס בוך אַנטהאַלט אַלע לידער וואָס ב. אַלקוויט־בלום האָט געשריבן און וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן אין זיין בוך „וועגן צוויי און אַנדערע", אין 1931, און שפּעטער אין פאַרשיידענע זשורנאַלן, די מערסטע אין „אינזיך". אַן אויסנאַם איז דאָס ליד „ער איז קריקגעקו־מען" (זייט 26) וואָס איז קיינמאָל פריער נישט געדרוקט געוואָרן און די „פיר לידער" (זייט 31) וואָס זיינען פאַראַ־יאָרן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „צוקונפט", ווי דעם פּאָעטס עזבון. די לידער פון „וועגן צוויי און אַנדערע" דערשינען אין דעם בוך אַנדערש געסדרט, אין די דריי סעריעס, פאַר מער גאַנצקייט און אַ בעסערן בליק אויף ב. אַלקוויט־בלומס פּאָעטישן גאַנג.

## צו מיינע ברידער

### א

לויט מיינע האָר און אויבערשטער ליפּ
קום איך פון אַן אַנדער ראַסע —
(פון וועמען האָב איך דאָס געהערט?)
אַזוי שרייב איך דאָס צו מיינע ברידער.

פון יענער זייט ים
האָב איך צוויי אָרעמע ברידער —
דער מיט דער פייערדיקער באָרד
און דעם געשטעל פון אַ מויער,
זעט אוים ווי וואָטאַן דער דייטש
און פּאָרט אום מיט אַ וועגעלע פּוטער
פון שטעטל צו שטעטל.
דער ייִנגערער איז בלאָנד און
האַנדלט מיט פלאַקס.
צו זיי און דער שורה בערגלעך
וואָס שלאָפן ווי גרינע קי
אויף אַ פעלד קעגן דער כעלעמער לבנה,
שרייב איך מיט אַן אָפּגעפרעמדטער האַנט —

איך אייער געטרייער ברודער:
ס'איז אַ לאַנגע ווייסע ווינטער נאַכט.
שאָטנס פוןביימער ליגן ווי

געפרוירענע הירשן אויפן שניי.
דער פראָסט צינדט בלויע פייער־בלימלעך
וואָס שמעקן מיט ווייטער קינדהייט.
נאָר מיין הארץ איז אַ וויסטע כימערע
(צי פאַרשטייט איר וואָס דאָס מיינט!)
טונקל אומבאַגרייפלעך איז מיין וואַנדערן.
אין דעם בבל פון שפּראַכן
און פון איין געדאַנק צום אַנדערן
בין איך אָפּט אַ טיפע פינצטערע הייל,
וואו כ'הער צומאָל דאָס ברומען פון אַ חיה —
לויט מיינע האָר און אויבערשטער ליפּ
קום איך פון אַן אַנדער ראַסע —
(וואָס וועט איר זאָגן דערצו?)
איך אייער געקרייזלטער ברודער.

ב

צווישן הימל און שניי גאָרנישט נאָר די נאַכט,
איר דימענט צייכנט אַ נייעם בראשיתדיקן פּלאַן
און זע, שווין דער בלוישריפט וואונדיקט.
זאָל איך דיר געבן דעם סקריפּ
פון מיינע ערשטע ייִנגלשע שטיוול?

אין אָנפאַנג איז געווען דאָס דאָרף —
און דער סוף איז אַ ייִד
אָן ברויט פאַרן מעסער אין דער האַנט.
די לבנה קוועקזילבערט זיין באָרד

און דעם פראָסט אויף די ווענט.
אַ פּוילישער ייד אַליין אין אַ דאָרף
און ער איז מיין ברודער.
אַ ווייסער ייד וואָס האָט צומאָל
קיין פּאָדים פון איובס רייכקייט נישט פאַרמאָגט,
נאָר קיינעמס, קיינעמס רייד
קענען אים אַזוי גוט נישט פאַרשטיין,
און ס׳ווייב איז זיין איינציקער טרייסטער.
דעם ווייבס קול איז זיין אליפז,
זיין בלדד און זיין צופר.
שאָטנס פון שלאָפלאָזע פויערים
ליגן ווי געפאַלענע ביימער אויפן שניי —
געווען איין רויטע קו אויף דער וועלט,
האָט דער ייד זי אַוועקגעגנבעט?
אַ בלוטיקער פינגער צלמט די שויבן.
איז דאָס געווען דער יויז?
איז דאָס זיין שטאָטישער בייגאָט?

קאַלטע שטיקער פינצטערניש
ליגן ווי דערוואָרגענע עופות
אין אַלע ווינקלען פון שטוב.

# ווייסע נאַכט

אַ קול אָן ווערטער האָט געוועקט
אַ ווייטן פאַרצייטיקן מזרח אין מיין מוח
און מיך געבראַכט צו אַ קליין הויז
וואָס איז געלעגן שטיל און ווייס
ווי אַן איי אין שטרוי.

דאָ האָב איך איבערגענעכטיקט
און בין אַרויס אָפּגעבן שלום די רויטע בערד,
בלעכענע כאַלאַטן, ווייבער אין ליימיקע שטיוול,
אָנהיימיקע יונגען מיט קלינגענדיקע פויסטן,
אַ חבר וואָס עסט אַ שטיק קרייד.

כ׳האָב געזען די פולע לבנה אויפן באַרג —
אַ שלייפשטיין פאַר די נאַכטיקע מעסערס איבער זיי.
איז דאָס די לבנה וואָס מיר האָבן אַמאָל
אין אַ פאַס וואַסער אַריין געפאַנגען?

כ׳האָב געזען דעם טאַטן איבער אַ ליכט
פון הוילע קנויט און הוילע פייער.
אויף דער מאַמעס בעט האָט די ווייסקייט
פון די ווענט זיך געלייגט ווי אַ סקעלעט.
די בעלקעס האָבן געטריפט זשאַווער טרערן
איבער די שלאָפנדיקע קינדער.

היים. באַרג. שטאָט פון וועלט-נאַראָנים.
מעשה שהיה. אַ הערנערדיקע קו האָט געקייעט

דאָס שטרוי פון מיין געלעגער.
דיין נאָמען איז אַן אַלטער יידישער
פּאַקן־טרעגער.

און אַז מיר דריי ברידער זיינען אַ סגל
זיך צעפּאַלן איבער דער וועלט —
ווי האָבן מיר געטראָגן דיינע
צויטן פון לעגענדע.

מעשה שהיה. אָבער פון וואַנען, הא,
פון וואַנען איז אַ ייד?
זענט איר קלוג, נו, זענט איר קלוג.
מיר האָבן אַליין זיך געקרוינט
מיט דעם געלעכטער פון אַ ציג.

נאָר אַ וואָרט האָט דאָ געבליט,
אַ פלאַנץ וואָס וואַקסט נאָך איצט אין מיר.
אין יעדער פרעמד איז דאָ אַ מענטש
וואָס שטאַרבן שטאַרבט ער
מיינער אַ בן־עיר.

ווייסע נאַכט. אַלמנהדיק פּאַרגייט
דאָס פּנים פון דער נאַכט און ס׳בלייבט
אין דער גאַנצער ליידיקייט פון הימל, אַליין —
אַ פעדער, אַ שטילע סופּרישע פעדער
איבער אונדזער גאַס.

נעגל־וואַסער. מאָרגן־זיפּצן. שיימעס.
דאָ רייך זיין האָט געמיינט עסן אַ פּרי
און טרעטן אויף אַ קרישקע ברויט
אַ גרויסע עבירה.

## פון וואַנען איך קום

פון וואַנען איך קום
גייט מען ביז צו די קנעכלען אין ווייסן שטויב.
נאָר אַז רב ליפּמאַן־יום־טוב גייט
איז פריש געמאָלקענע מילך דער שטויב פאַר זיינע פיס
און די קליינע הייזער בייגן זיך, פאַרנייגן זיך,
הייבן די דעכער, און אַלע שויבן שמייכלען:
דאָברי וויעטשור, אַ גוטנאָוונט אייך פּאַני יום־טוב.
ביז דער ליבער פרילינג קומט
און שפּאַלט אַ קלעפּקע אין זיין קאָפּ.

צען געקרייזלטע יינגלעך מיט גרינע באַקן
זיצן אין רב ליפּמאַן־יום־טובס גילזן פאַבריק
און זיין באָרד איז זאַפערן, קימלברויט און קאָמעצברויט —
אַ געפלאָכטענע הבדלה איז זיין באָרד.
צען חדר־יינגלעך זינגען אין דער פאַבריק:
אַ, אל תירא עבדי יעקב.

אַזוי גרינטלעך ווי דורותדיק עשירות
איז די אָרעמקייט פון וואַנען איך קום.
צען שאָפענע קעפּלעך אין זיין פאַבריק.
רב ליפּמאַן־יום־טוב טורעמט און וואַכט

איבער זיי און קנעלט: פלייסיק, קינדער, פלייסיק.
און דו, קאַפּאָסאַלע, וויפל האָסטו שוין געמאַכט?

דער טאָג פאַרגייט.
אַן אָפּגעשליסענער פאַרצייטיק יידישער טאָג
אויך רב ליפּמאַן־יום־טוב פאַרגייט.
זעלנער גייען מיט געזאַנג פון באָד אין קאַזאַרמע אַריין:
העי האָ, דיעווקאַ, דיעווקאַ — האַ־האַ־האַ.
הע האָ — דער שיינער ייד און פאַבריקאַנט
פאָרוים פון די זעלנער מיט געהויבענע הענט.
ער, דער קאַפּעלמייסטער שפּאַנט:
דיעווקאַ, דיעווקאַ — האַ־האַ־האַ.

האַ־האַ־האַ: דער פרילינג האָט ווי אַלעמאָל
געשפּאָלטן אַ קלעפּקע אין רב ליפּמאַנס קאָפּ.
דאָס ווייסן שוין און עס לאַכן קינדער אין די וויגן.
צען יינגלעך מיט פויגלנעסטן אונטער די קאַשקעטן
יאָגן זיך נאָך לאַכנדיקע ציגן
און לויפן נאָך רב ליפּמאַן־יום־טוב:
דזיען־דאָברי, אַ גוט־פרילינג אייך, פּאַני יום־טוב.

# ערב פרילינג

באַגינען. אַן איינציק קאַלטער שטערן
שרייבט מיין ברודערשאַפט
מיט פאַרוואַלגערטע נעמען פון זכרון.
רפאל. רפאל רופא.
פראָסט ווי מן אין דער מדבר ליגט נאָך אויף די אָרעמע דעכער,
נאָר ביי רפאל רופא פרילינגט שוין
מיט מכות, ציינווייטיק, פייפנדיקע אויערן —
פולע פאַטשיילעס מיט יסורים,
און פויערישע פּליבעס גלאַנצן ווי קליינע קלויסטער קופּאָלן
אין דער מאָרגן־זון.

עס זונטיקט די רו אויפן מאַרק
און אויף דעם גילדענעם סטאָן פון אַ יינגל פאַרגאַפט אינמיטן דער גאַס.
די מאַמע רופט — איר פּנים בלייכט נאָך מיט נאַכט.
דאָס יינגל גאַפט:
רפאל רופא פירט היינט די צירולנע אונטערן פרייען הימל
און די רופאריי אין שטוב.
ער שטעלט אַרויס אַ לאַנגע באַנק און אַלע אין אַ ריי זיצן זיי —
צען פויערישע געצן מיט איינגעזייפטע מאָרדעס.

אין דעם רופאס שטוב איז קיל
און טונקל ווי אין אַ וואַלד.
אין דער טונקלקייט פון יעדן פויער
זיצט אַ קליין פאַרפייניקט פויערל און צלמט זיך
פאַר רפאלס צוואַנג.

ער כאַפּט אַ פֿויער־קאָפּ
און האַלט אים ווי אַ זעלנעריש ברויט אונטערן אָרעם:
עפּן!
אַ אָהאָהאָ!
און צען איינגעזייפטע פֿויערים אין דרויסן צלמען זיך איבער מיט
איין קנאַק!

אַז דאָס יינגל ווי אַ קאַליקוצקער האָן
לאָזט אַרויס אַ קריי
און פֿרילינגט אַוועק איבער דער גאַס
מיטן גילדענעם סטאָן.

# שעמפּע

אויף האַרטן שטרוי אונטער אַ קאָלדרע, געשטיקעוועט
פון דורות פאַרביקע מותרות,
אַ חדר יינגל מיט ביידע אויערן צו דער דערציילערישער שטילקייט
פון דער נאַכט.

און ביים געלעגער די וואַנט ווי אַן אַלטע מידע פּלייצע,
פון זיין האַלבן קאַוואָן פון אים אַליין געמאָלן,
מיט שוואַרצע קערן און ראָזן זאַפּט פון פרישע זומערדיקע
פרימאָרגנס,

אויפן מאַרק וואָס ליגט ווי אַ פּאַלומיסעק
מיט קאַרשן, וויינשל און וועלשע ־ניס,
אין טאָל אויף אַ באַרג,
מיט אויבסן, עופות און גענזענע אייער.
פערדצויע און סאָנעטשניקעס, די געהויבענע פאַרכעס אין גאָלדענע
קרוינען.

פּעטרישקע און פּויערים מיט רעטעכענע פּנימער,
טענדלער און אין כוואַליענדיקע ריאסעס די גלחים,
ווי שוואַרצע העלפאַנטן שפּאַנען צווישן זיצערקעס,
צווישן צאַפּלענדיקע שיקסע־בוזימס, אַטלעסענע סטענגעס,
זעלנער און פייגל ביים פּלומפּ,
ביי דער קאָרעטע מיט יאַנקל שעמפּעס פערד.

געוועזן איז יאַנקל שעמפּע אפשר אַ ייד פון יענער זייט סמבטיון —
דער העכסטער ייד אין שטאָט און מיט אַ קאָפּ העכער פון זיינע פערד
אויפן מאַרק,
געהאַט אַ רבנישע באָרד און אַן עם הארץ געוועזן ווי אַ קאַנטאָניסט
און פרום ווי אַ יידענע.
און מיט שוויים אויפן שטערן איז אים אָנגעקומען די פרומקייט.

וואָלט ער צו הויך געווען פאַר אַ ייד, צו מעכטיק פאַר אַ מענטש —
איז געפּענטעט זיין קני, געליימט פון די פינגער די גלידער
און געבונדן זיין צונג צום לשון פון אַ קינד:
— איך אַ דיר זאָג,
גאָט נישטאַ פערדספאַרשווין
צ׳ם מיזט אַ רעדן לושינאקוידיש.

יאָ, יאָ, און אוי, אוי אויף גלות השכינה
און פאַר אַ טרונק בראָנפן צי עטלעכע גראָשן
האָט דער שמש פאַרקויפט אַ פּאָר שטיקלעך דאַוונען, עטלעכע
פסוקים און

יאַנקל האָט געכאַפּט, נאָכגעיאָגט
איינציקע ווערטער, אויסגעפּליקטע פליענדיקע פעדערן —
דעם שמשם מויל איז ווי אַמאָל אַ הונגעריקע קאַשע מיל אין אַן
אָפענעם טויבנשלאַק.

דער מאַרק האָט זיך געשטעלט מיט קללות, שבועות און קאַפּולער
ווינטשעוואַניעס
אויף יידיש, פּויליש, רוסיש, לאַשנקוידעש,
מיט גאַנער, האַלדער, קוואַק, געביל און הירזשעריי.
יאַנקל שעמפּע
איין עלנבויגן אָנגעלענט אויף דעם רוקן פון אַ שקאַפּע,
גאַפּעט,
און מיטאַמאָל האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ גלייכער ברייטער טראַקט
צום הימל:
מ׳קלאַפּט און מען פּאַרט און מ׳פּאָרט און מען קלאַפּט.
און גאָט איז אים געוואָרן נאָנט און אַזוי פּשוט אַן ערלעכער באַלעגאָלע
וואָס לאָזט זיך רעדן אָט אַזוי אַ:
— עך גאָט, גאָט, ניש גוט פנאַמאָנים איך אַ זאָג דיר
און דו האָב ניש פאַריבל.

גוט און נישגוט.

דו מיר גיסט אַ ווייב, גוט
זי אַ קיינעמס פערד ניש געסמט
פּאַרוואָס זי קרענקט, ניש גוט
אַזאַ קליין שלאָף שרהלע פּאַרוואָס?
— וואָס אַ דאָקטאָר האָט פאַרשריבן, גאָט דו פרעגסט?
רעצעפּט אַ יאַכעלעך מיט אַ לויזע אייער.
אַזוי ווי אָרטשעס ווייב —
דו ווייסט, זי אַ פּאָכעט מיט נשמה
וועט זי שטאַרבן?

יאַנקל שעמפּע האָט דעם טראַקט פאַרלוירן
און אַלע וועגן אַנטלויפן אין די טיפע וועלדער —
מיט אַ האַק אין גאַרטל צווישן הויכע סאָסנעס —
מיט דער האַק אין האַנט און
שטיקלעך זון ווי דימענטענע פייגל פלאַטערן פאַר זיינע אויגן.

גאָט דו גוטער איך אַ העקער ווער.
סאָסנעס פאַלן און יאַנקל שעמפּע:
גאָט דו גוטער הער מיך הער
איך אַ העקער, פאַר דיר איך אַליין אַ בוים.

און שעמפּע מיטן פּנים צו דער ערד
אַ בוים געפאַלן צווישן ביימער
און אפשר גאָר אַ ייד פון יענער זייט סמבטיון
מיטביידע אויגן צו דער דערציילערישער שטילקייט פון וואַלד,
פון הימל און ערד, פון גראָזן, שוואָמען, מאָך און פייגל.
זאָג, דו גאָט, דו גוטער, זאָג,
רעד צו מיר.

# לאָרעליי

אַ מאָכיק אויער הערט מיך ווען איך שווייג,
אַ פּנים ווי אַ שוואָם זאַפּט איין די בלויקייט פון פאַרנאַכט
און וואָנצעס, ווייס ווי ערשט געטונקט אין ביר־שוים:
איך, זאָגט ער, איך
האָב נישט אין מיין נאָז קיין ראָסן־פּליי —
זיצט ער אויף מיין שוועל
און זינגט די לאָרעליי.

הער פרידריך רעקסיק איז מיין נייער שכן.
זיין פריינדשאַפט איז ווי אין מיין זאַלץ
די פייכטקייט פון דער נאַכט.
אָוונטברויט.
איך לייען אַ יידיש ליד פון מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד:
„מאַכטיקער גאָט, ווי אַ קראַנקע פרוי זיינען מיר געוואָרן",
און מיין שכן קנייפּט איצט מיר אויס די לאָרעליי
אויף זיין גיטאַר —
פאַרוואָס גיט איך אים נישט אָפּ מיט ביאַליקס צער און צאָרן?

דומהייטן, צי האָב איך, פרעגט ער, נישט געהערט
דאָס אַלטע שפּיל? „נאַטאַן דער ווייזע",
און ער דערמאָנט אויך מענדלסאָן,
זיין מיטזומערנאַכט מוזיק —
נאָר מענדלסאָן דעם משכילס הויקער
ליגט אויף מיינע פּלייצעס
ווען דער שכן גייט אַוועק.
און וויפל מאָל איך זאָל נאָכדעם נישט בייטן מיינע הויטן,
הער איך נישט אויף צו הערן ווי ער זינגט:
איך ווייס נישט וואָס זאָל עס באַדויטן.

# גוטמאָרגן

דער מאָרגן פּאַקט דאָס פּנים און דער קרומשניט שמייכלט —
עס איז נישט קיין מאַסקע דאָס גרויזאַמע פּנים פון היינט־צו־טאָג.
דורכפאַל גייט אַרום אונדז אויף די שפּיצפינגער,
רעדט צו דיר, רעדט צו מיר מיט דער גרויער,
בלויער אַנעמישער שטילקייט פון שטאָטישע ווענט פאַרטאָג.
און איך זאָג עס איז נישט אומזיסט דער געראַנגל.

דער מאָרגן איז פריש ווי אַ טייך אויפן לאַנד.
און פרעגט מען דיך ענטפער מיט דעם גאַנצן ווערט פון דיין זאַלץ:
מיר זיינען אַ קאָמיטעט וואָס גייט באַדאַנקען דעם מעיאָר
פאַר די טויבן אויפן סקווער.
אויך מיר קאָנען זיין דיפּלאָמאַטן.

אויך איך — קאָנסט בויען אַ קלויסטער אויף מיין וואָרט —
בין געפאָרן איבער שבעה ימען,
נאָר אין קיין לאַנד נישט געלאַנדעט.
ווייל וואָס מיר פעלט איז דאָ דאָ
מזרח דאָ, מערב דאָ, דאָ דאָ.

ס'שמעקט מיט קאַווע פון מענטשן וואָס גייען צום סאָבוויי.
דער שאָטן פון עראָפּלאַן פלאַטערט ווי אַ פלעדערמויז אויפן סקווער.
מענטשן שמעקן מיט בעט און מיט ווייב

און דיין ריח פון האָניק איז אין דעם בלוט פון מיינע לידער.
כ׳ווייס, נאַכט האָט אונדז ווי פולע קוישן פרוכט
געבראַכט אירע ליגנס.
נאַכט האָט אונדז געפעלשט און אונטערשריפט
אויף דער אילוזיע.
נאָר אַזוי איז דאָס לעבן — די גריכן
האָבן געהאַט אַ וואָרט דערפאַר.

און דו ווייסט מיין פאַנטאַזירן איז נישט קיין שגעון,
ס׳איז מיין לעבן, מיין שטאָט, איך בין אַ זון
פון אָט דעם שטיינערנעם לאַאָקאָאָן.
און עס איז נישט אומזיסט מיין גערענגל.

# קאַנטרי באַנקעט

מיטביידע הענט אויף דעם אָנלען פון אונדזער פּלאַץ אין דער זון,
אַזוי צו זאָגן —
לאָמיר לויבן אַ שיינעם טאָג ווען דער טאָג איז שיין.
דאָס וואָרט, ליידים און דזשענטלמען,
דער ווײַן געקלונגט אין טיפע קעלערן
און די געלאָדענע טעלער זעגלען אונטער ווייסע סאַלפעטקעס
צו די ברעגן פון אונדזער טיש.
געדאַנקען פון טויט ווי פון ליבע
גיבן אַ טיפע רעזאָנאַנס דער שטים פון אונדזער ווילן.
און דער ווילן איז
אַ פאַרשטענדיקונג צווישן חלום און וואָר.

יעס, צוועלף מיליאָן מענער מיט אָפענע מיילער קוקן אויף אונדז,
אַזוי צו זאָגן:
מיר די בויער פון פּיתום און רעמסס.
קענען מיר אין אַ צייט ווי אונדזערע
זיך פאַרלאָזן אויף אַ זשורי פון צוועלף סענטימענטן?
קענען מיר, יעדער פון אונדז,
מיטנעמען אַן אַרבעטסלאָזן אין דער קאַנטרי,
ווי מען נעמט אַהיים אַן אורח אויף שבת צי אויף יום־טוב?

נעמט מיך פּערזענלעך, ליידים און דזשענטלמען,
אָפּט האָב איך פּרובירט מיט ביידע הענט

זיך אַליין אַ פּאַק טאָן פאַר די אויערן,
אַ הויב טאָן דאָס זעקל ביינער מיט אַלע געשרייען
איבער קעפּ און איבער דעכער —
נאָר קען אַ מענטש זיך דערהויבן העכער
פון די אייגענע אַקסלען?

איז ווי געזאָגט: פאַר אונדזערע נערוון —
די ניט דערשלאָפענע קראַנקנשוועסטער —
אַ פאַרשטענדיקונג צווישן חלום און וואָר.
דאָס פּראָבלעם איז עלטער פון אונדזער דור.

מעג מען רוקן די ווייזערס הין און צוריק
אייביק איז דער אומרו פון צייט.
מעגן פליגן און ווערים צעפּרעסן דעם שטאָם.
אייביק, ליידים און דזשענטלמען, איז דער בוים פון לעבן.
און די דערמאָנטע מיליאָנען מיט מאָנענדיקע הענט —
(דעם פונדאַמענט היט דער געטרייער הונט, אונזער גורל,
וואַרפט אים צו נאָך אַ ביין) —
אין אַזאַ שיינעם טאָג וויל איך אויפשטיין,
ווי חוני המעגל צי ריפּ וואַן ווינקל,
און זען דעם נייעם באָקסערבוים.

# ער איז קריקגעקומען

1

וואו האָב איך נאָך געזען אַזאַ פרומע האַנט,
אַזאַ רייכן יידישן שטערן, אַ מענטש אינגאַנצן
הויט און ביינער, שיימעס און תעניתים,
און רעדן האָט ער נאָר גערעדט
מיט קינדער און מיט מתים —
זוסי דער משוגענער.

זוסי איז געשלאָפן מיט די שיימעס אויפן בוידעם
פון גרויסן בית-המדרש און ווי זיי פאַרגעלט,
פאַרגעסן, מיט צעמישטע בלעטלעך, האָט ער
צומאָל איבער דער לבנהדיקער בלאָטע
זיך אַריינגעכאַפּט אין דער קאַלטער שול
צו האַלטן אַ דרשה פאַר די מתים.

— רבותי, כ'בין אויף אייך גוזר,
איר זאָלט זיי מיטן האַרבן וואָרט
דאָרט לאָזן וויסן אַז מיר דאָ זיינען מיד,
שוין מיד צו חשבונען און חוץ אייך
איז נישטאָ מער קיין גימטריא פאַר אונדז.
אין אייך איז אונדזער גאולה.
אויף וואָס נאָך וואַרט מען דאָרט ?

און געוואָרנט זיי אַ רגע ערב קריי :
— פון אייער בלוט און פלייש רעד איך צו אייך,

פון זיי וואָס טראָגן אין לעבעדיקן לעבן
אייערע נעמען און געשטאַלטן.
וואָס וואָלט איך געווען אָן די לעבעדיקע?
אין כף־הקלע וואָלט איך פאַרפאַלן געוואָרן.

2

הויט און ביינער, שיימעס און תעניתים,
וואו האָט ער גענומען דעם כוח,
אַז ר׳איז אַרויף אויפן בעלעמער,
אַזאַ קלינגענדיקן פּאַטש צו טאָן אין שולחן
שבת פאַרן לייענען אין דער קאַלטער שול:
— יידן, די מתים, אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן
זיינען די מתים נישט טויט.

אַ שטורעם האָט צעוויגט די ענגלייכטער,
קעפּ מיט פאַרריסענע יאַרמעלקעס געהויבן:
זוסי, ס׳איז זוסי דער משוגענער.
נאָר זוסי איז שוין איצט געווען אַ האָן
פירצעם אַראָפּ, וואַרפצעם אַרויס!
און מיט אַן איינגעהאַלטענעם קריי געזאָגט:

יידן, כ׳בין אייך מכריז ומודיע,
אַז כ׳גיי אַוועק פון שטאָט —
זוכט אייך אַן אַנדער משוגענעם.
פירצעם אַראָפּ, וואַרפצעם אַרויס!
— איך קאָנט מיך מער נישט צווינגען צו פאַסטן
פאַר אייך, ווייל סיי־ווי ווערט עס נישט אָנגענומען

ווי תעניתים ווייל איך פאַסט נישט —
איך הונגער,
איך פאַסט נישט
איך הונגער.
איך גיי אַוועק פון שטאָט,
זוכט אייך אַן אַנדער משוגענעם.
איך גיי אַוועק, איך גיי
און קוקעריקיי.

3

איצט איז ער, אַליין אַ מת שוין, קריקגעקומען,
אַ מת מיט שטילע לעבעדיקע אויגן,
וואָס זוכן, פרעגן, בעטן,
וואו זענט איר, יידן בני רחמנים,
זוסי איז קריקגעקומען און ר׳איז אַליין
אין דער שטאָט פון וועלט-נאַראָנים.

גייט דער מת מיט פרישער ערד
און לעבעדיקע אויגן
פון מאַרק-פּלאַץ צום שול-הויף,
זעט ער שטיינער און פאַרויכערטע ווענט,
גאַפט ער און קאָן זיך נישט דערמאָנען,
ווען דאָס גרויסע בית-מדרש האָט אָפּגעברענט.

גייט ער פון שול-פּלאַץ צום מאַרק-פּלאַץ,
אַ מת איינער אַליין אין מיין שטאָט,
און ס׳הערט נישט קיינער און
ס׳זעט נישט קיינער דאָס געוויין
פון זיינע לעבעדיקע אויגן.

# פיר לידער

א

איך האָב שוין גאָרנישט געהאַט,
בין איך געלעגן אין דער נאַכט, געוואַרט
און שוין נישט געטראַכט אפילו פון מיין פאַרמעג —
אַזאַ עשירות פון שוואַכקייט,
אָפּגעשפּאָרט אין אַזוי ווייניק טעג —
געוואַרט ביז דער טאָג איז אויפגעגאַנגען
און מיר צוריקגעגעבן די ווענט
פון אונדזער שטוב, דעם שרייב־טיש,
דעם שפּיגל וואָס האָט, ווי אין די הענט
פון אַ זשאָנגליאָר, מיר געוויזן אַ שטרוי
פון דער זון איידער ס'האָט די זון זיך געזען.
און אויף אַלץ איז געווען דאָס יונגע גרוי.
און ווען דאָס ליכט האָט אַלץ צוריק איינגעשטעלט,
אַלצדינג איז ווידער, ווידער דאָ געווען,
ביסטו אַריינגעקומען, געזאָגט גוטמאָרגן
און גאָט האָט נאָכאַמאָל באַשאַפן די וועלט.

ב

איך האָב דיך אַרויסגענומען פון דער דאָזיקער נאַכט,
וואָס האָט גערעדט האַלבע ווערטער.
איך האָב דיך געוואָלט זען אין טאָג־ליכט
און גלויב מיר, דיין קלאָרקייט,
אפילו אין די קינדישע ערטער,

איז ווי די גאַנצקייט פון לשון —
געננג האַלב און אַזוי נישט צום פאַרשטיין,
אַז ממש ס'איז צום פּלאַצן —
צו וואָס דאַרף מען עס נאָך האַלבן?
אָט זיצסטו אין שאָטן פון אַ בוים,
זומער־פייגעלעך ווי גאָלדענע אותיות
פלאַטערן אַרום דיר, אַרום מיר.
דו לייענסט אַ יולי נאָכמיטאָג.
איך זעץ זיך צו לעבן דיר.
וואָס איז נאָך אַזוי פשוט?
נאָר וואוהין פירט אָט דער וועג?
צוריק צו דער דאָזיקער גרויזאַמער נאַכט
מיט אירע האַלבע ווערטער.

ג

ס'איז דען דאָ אַ פינצטערניש וואָס איז אַמאָל נישט
געווען ליכט?
און ס'איז דען דאָ אַ ליכט וואָס ווערט אויף אייביק
פאַרלוירן?
איך בין אַלט גענוג צו זיין מיין אַלטער טאַטע,
זאָג איך דיר און כ'פרעג:
אַז איינשטיין גלויבט —
וואָס האָסטו דאָ אָנגעוואוירן?
הימל, שטאַמל, ערד און וואָרצלען —
וויינענדיקע צווייגן אין דער ערד,
פון דעם מינדסטן ווערימל ביז אַן אויבערשט בלעטל,
אַלץ איז געווען אונטער דעם זיגל פון דער דאָזיקער נאַכט
מיט אירע פאַרזונקענע אוצרות, אַלץ איז דאָ

יעדער פינטל ווייס אונטער שלאָס און ריגל.
און דו מיט אַלע דיינע מיינען ביסט געקומען זיך אויפמאַנען
און פון דאַנען זיך אַריינוויינען אין אַ וואָרט,
אין אַ ליד, זיך איינזאַמלען אין אַ שווייגנדיקן ייד
וואָס גייט אַוועק און קערט זיך אום
און קומט אַרויס פון דער נאַכט
אַזוי ווי די זון קומט אַרויס פון קויל אַ באַפרייטע
ווען מיר קוקן אויפן פייער,
ווען מיר האָבן זיך ליב
און קוקן אויפן פייער.

ד

אַז איך ווייס נישט וואָס איך זאָל דיר
אָנטאָן אין פאַרבן וואָס קיינער זאָל נישט זען,
אין האַלץ דיך אַריינקאַרבן,
אין אַפּל אַריינען און פאַרמאַכן ס׳אויג:
דיך טועם זיין מיט די פינגער,
אַריינלעבן אין ליים דיך,
אַריינליבן אין ווערטער,
דיך איינוויקלען אין אותיות,
אַז איך זאָל ווי חנינא
ווען ער האָט אין פאַרמעט געברענט
דיך זען אין דיין אויפפלי,
אַז דו ווי פון די למד וואָוון געליבטע
זאָלסט לעבן מיט דעם באַריר
פון מיין אויג,
מיינע הענט.

## אַ צייכן

גיב מיר אַ צייכן פון דיין לעבן.
אָן לשון לאָז הערשן דיין ווילן איבער מיר.
אין טויב-שטומע נעכט
איז מיין טרויער אַ לעבעדיקער שטראָם וואָס בעט:
אין מיין האַרץ פוילן וואָרצלען פון גלויבן.
מיט שטויביקע פינגער פירט די צייט איבער מיר.
איבער דעם גרין פון מיין לעבן.
איבער מיר שווימט דאָס פאַרוויאַנעטע גראָז פון
בענקשאַפט.
גיב מיר אַ צייכן פון דיין לעבן.
לאָז מיך פילן דעם צער פון דיין זיין.

## דו ביסט

ביסט אייביק שיין,
ווי אייביק, שוואַרץ און שיין עס איז
מיין אייביקער באַגלייטער — דער טויט,
וואָס טראָגט אויף זיך דאָס פּנים פון דער ערד.
ביסט געטלעך ווי די ערד.
אַ ווילדער פלאַנץ שטיי איך אויף
צו טרינקען פון דיין ליכט,
און אָנקניפּן מיין גייסט
מיט דעם גייסט פון דער ערד.

# מיר

מיר זיינען ווי די שווייגנדיקע קרייצן.
אויף אונדז הענגט צוגעגאָגלט
די שיינקייט פונעם לעבן.

ווי וואונדערלעך מיר זיינען.

פאַר וועמען עס זינגט דער האַרבסט
דאָס ליד פון פולע תבואה שייערס
און וועמעס ליד עס קלאַמערט זיך,
ווי קינדערישע שרעק
צום פוילן האַלץ פון צלמים
ערגעץ אויף פאַרוויסטע וועגן.

## אויף איין מינוט

אויף איין מינוט ווענד אָפּ פון מיר דיין לויטערקייט,
וואָס האָט מיין אויגן־ליכט פאַרטונקלט —
אויף איין מינוט.

מיד ווערן מיינע חושים
אין דעם רויש פון דיינע טריט.
מיינע הענט
הענגען פאַרשעמטע.
מיינע קאַלטע ליפּן
דורשטן צו דיין זיידנצייג
און קענען עס ניט גרייכן.

## סעפּטעמבער

ווי אַ שטילע זאַטע קאַץ
ליגט די נאַכט אינעם דרימלענדיקן צימער
און שפּילט זיך מיט דער לבנה.

מיד הענגען די שווערע גאַרדינען, ווי מידע וויעס
איבער די אויגן פון דרימלענדיקן צימער,
וואָס חלומט דעם חלום פון אַ יונגפרוי אין סעפּטעמבער.

ווייכע ווײַנענדיקע טריט
קושן שטיל דעם דיוואַן אין דרימלענדיקן צימער.
דורשטיק זיידנצייג קושט דעם אומעט,
וואָס שלאָפט אין די מידע גלידער פון דער יונגפרוי.
אייביקער אומעט קרוינט איבער שאָטנס פון גאַרנישט.

# פאַרגאַנג

פרעמדע פון אַלע עקן וועלט
קומען אין מיין הויז,
רייסן שטיקער פון מיין פאַרגאַנג
און צערטלען עס מיט מיטלייד
פאַר מיינע אויגן.

זאָג איך צו זיי:
מיט מיינע אייגענע הענט
האָב איך די לעצטע לאָפּעטע ערד
אויפגעהויבן אַנטקעגן דער רויטער זון
און געזאָגט:
דאָס וואָס ליגט אָט־דאָ
איז נישט ווערט די וואַרימקייט
פון דיר, מיין ערד.
און כ'האָב אָפּגעוואַשן מיינע הענט
פון אַלץ וואָס איז געווען.
און אַלץ וואָס איז געווען איז נישט געווען.
נישט געווען.

# דאָס ליכט פון דער וועלט

איבער דעם ווייטן ים גליטשט זיך שטיל דאָס ליכט פון דער וועלט.
שטיל. בלויז —
אַ גרויס בלוי שווייגן הערשט איבער דער וועלט.
איבער די שיכטן,
איבער די אוצרות פאַרפרוירענע שטילקייט
וויינט די האַנט פון באַשאַף.

אויף דער גאַנצער ווייט און ברייט פון דער שטילער ערד
ליגט דאָס ווייסע לייב פון פרוי.
אַריבער אַלע שווייגנדיקע רוימען
שוימט דאָס ווייסע לייב פון פרוי.
ווי די שטאַפּעטן פון אומגליק
צעלויפן זיך אירע ווייען איבער אַלע וועגן פון דער וועלט.

שטיל. בלויז —
אַ גרויס שווער  שווייגן זעטיקט זיך אויף דער שטילער ערד.
איבער די שיכטן,
איבער די אוצרות פאַרפרוירענע שטילקייט
רוט די האַנט פון באַשאַף.

# דערינערונג

אין אַ שלייער פֿון נאַכט־שאָטנס
שלייכט דיין בלאַסער סילועט
מיט אויסגעשפּרייטע הענט,
וואָס דערמאָנען אָן די הערנער
אויף אַ פֿאַרטראַכטן הירשן קאָפּ
אין דער נאַכט.

ווי אַ נאַכטוואַנדלערין
זע איך דיך אין מיין פֿאַרגאַנג
און שטיל
ווי די ערשטע טריט פֿון טאָג,
הער איך דיין געוויש
צווישן די שאָטנס פֿון מיינע פֿאַרגאַנגענע טעג.

אָט־אַזוי
שלעפּט זיך דיין פֿאַרגעסן לעבן
ווי אַ בלודנער הונט נאָך מיינע פֿיס־טריט.

# זעכצניעריקע

לויטערער שטראָם —
קענסטו באַנעמען דאָס געמיט
פון שטילע פאַרחלומטע וואַסערן?
קענסט פאַרנעמען דעם מידן גאָט,
וואָס רוט אין די נעפּלען?

יונגער שטראָם —
פון דיינע אָפענע אויגן
פלאַטערן אָפּגעפליקטע שטיקלעך בלאָ אין די נעפּלען,
מאָלסט בלאָלעכן באַטיק אין די נעפּלען.
האַלסטו דעם פאַרבאָרגענעם הימל אין דיין האַרץ?

מיינע גראָע נעפּלדיקע טעג וועלן דיר דערציילן
די חלומות פון שטילע וואַסערן.
וועסטו באַנעמען, קענסטו פאַרנעמען?
יונגער, לויטערער שטראָם.

## אַנדזשעלינאַ

יאָר איין יאָר אויס
האָט אַ שטיק מיידלישע סיציליע
געזוניקט אונטער אַ שטויביקער שויב.
אירע פלינקע נערוועזע פינגער
האָבן געפלאָנטערט זיידענע פעדים
און געשלייפט זיידענע קנעפּלעכער
אין מענערישע וועסטן.

דאָ פלעגט זי זיצן און זינגען
נישט מיט בענקשאַפט
צו איר קינדיש גרינער סיציליאַנער ערד
נאָר שעמעוודיק פאַרליבט אין זיך אַריינגעהערט
די פרעכע וויצן
פון די שניידער יונגען.

נאָר אַז אין אַ שיינעם פאַרנאַכט
האָט די שטויביקע שויב איר געבראַכט
איר פּנים וואָס האָט שוין געהאַט
אַ וויינענדיקע ענלעכקייט
צו איר מאַמען אין סיציליע,
האָט זי אָנגעשריבן אַ קוויטל
און אַריינגעלייגט אין איינעם
פון די מענערישע וועסטן:

איך בין אַ גוטע פאַרדינערין
און אויך נישט קיין שלעכטע באַלעבאָסטע.
איך בין פאַרעלטערט. אָבער נאָך נישט גראָ.
אויב דו ווילסט מיך נעמען
געפין מיך דאָ און דאָ.

# ליידים

מיטליעריקע ליידים זעט מען אָפּט אין בילדער־גאַלערייען.
מיטליעריקע ליידים מיט בלויע וויאַנענדיקע אויגן קוקן
און עס זינגט פון זיי מיט ווערטער ווי גאָלדענע פליגן פון דרימלענדיקע
זומער־טעג.

אָט דאָס איז שטיללעבן. און אָט איז סעזאָן.

וואַרעמע קנייטשן פון ווינט אונטער זייד.
רונצלען פון טיגער וואָס שוועבט דורך דער זון.
דער טאָג איז געוויינלעך אַ גרינער אַ הערבסטיקער און פייפט מיט
ווינט און שמעקט מיט ערשטן שניי
און שמעקט מיט זאַלץ פון ים.
די נאַכט איז קאַלט און טונקלגרין ווי אַלטע פלעשער מיט דעם ריח
פון וויין און ס'שמעקט מיט ערשטן שניי.

מיטליעריקע ליידים שמעקן אָפּט ווי הייסע מאַמע־חיות אין די
בילדער־גאַלערייען.

מיטליעריקע ליידים האָבן ליבע סאַמעטענע פינגער און
בלויע וויאַנענדיקע בלימלעך אין די אויגן פון די שיכורע מאַדיליאַנים,
און עס שטראַלט פון זיי מיט אַזויפיל טרויעריקע פאַרוואָסן.

און אַז איך זע די מיטליעריקע ליידים
אין אַ באַשיידענעם קרייז אַרום אַ ניוד —
אָט אַזוי ווי ס'האָט די מאַמע זי געהאַט —
ווער ווייסט נאָך מער דעם צער און פרייד
פון טראָגן און פון האָבן.

## דיין האַרבסט

דער ציטערדיקער ליכטפלאַם אויפן טיש
האָט זיך פאַרקוקט אויף דער געלער בלום,
וואָס ראַנגלט זיך אויף דיין געזיכט.
פון דיינע ווערטער
האָט אַ האַרבסט־גערויש זיך געבלאָנקעט
פאַר מיינע אויערן.
מיינע ליפּן האָבן נאָר באַרירט
די געלע בלום אויף דיין געזיכט,
און אויף מיין האַרץ
האָב איך די קאַלטקייט
פון אַ בלישטשענדיקער קאָסע דערפילט.

## אַ ק אָ ר ד

מיר טראָגן די שוואַרצע לאַסט פון אונדזער ערד
צום סוף
וואָס וואַרט אויף אונדז
ווי די אַקאָרדן אונטער די פאַרטראַכטע הענט פון בלינדן.

## טריאָלעטן

1

אַ צייכן בלויז צו געבן פון דיין זעל
ביסטו געקומען דאָ, צו זיין אַ שווינדל־בריק
פון ים צו ים, מיין פינצטערער געמעל;
אַ צייכן בלויז צו געבן פון דיין זעל.
דו קומסט פון נעפּל־ים אַ שוימענדיקע וועל
וואָס קילט דעם ברעג און קערט זיך אום צוריק —
אַ צייכן בלויז צו געבן פון דיין זעל
ביסטו געקומען דאָ, צו זיין אַ שווינדל־בריק.

2

גאָלדיק לעבן איבער בערג און טאָלן
אויף דעם אָוונטס גרינע פּלוינען, זילבער שאָף,
כ'האָב אַליין דיך דאָרטן אויסגעמאָלן,
גאָלדיק לעבן איבער בערג און טאָלן.
כ'ברענג דיר טוי אויף גליענדיקע שאָלן
פון דעם מאָרגנס אויפגעוואַכטן גראָזן־שלאָף,
גאָלדיק לעבן איבער בערג און טאָלן
אויף דעם אָוונטס גרינע פּלוינען, זילבער שאָף.

3

און חושך ברעקלט דרימלענדיקע קלאַנגען
פון יונגער ליבע אין פאַרגעלטע בריוו.
עס שוועבן אָפּגעוועלקטע צער געזאַנגען
און חושך ברעקלט דרימלענדיקע קלאַנגען.
עס רויטלען־אויף די ווערטער מיט פאַרלאַנגען —
די שוואַרצער סודותפולער היעראָגליף.
און חושך ברעקלט דרימלענדיקע קלאַנגען
פון יונגער ליבע אין פאַרגעלטע בריוו.

# נאָכן קאַרניוואַל

עס שלאָפן די מידע קאַרניוואַלער.
אויף גראָע געוואַנטן שלאָפן און חלומען די צעבראָכענע מאַסקן
פון די מידע קאַרניוואַלער.

עס קוקן די גאַסן ווי שטויביקע געצן.

דער לעצטער שלאָס מאַכט אַן אייזערנעם קנופּ אין דער פינצטערניש
און גיט אַ פּראָסטיקן קוש אין דעם שוואַרצן פּנים פון דער נאַכט.

שטומע שטימען פון נאַקעטן שטיין,
שטימען פון אייזערנע ריגלען און שלעסער,
רעדן צו די אויערן פון די שטויביקע געצן.

אין שטילע פינצטערע חדרים
קניפּן סודות די רגעס פון לעבן אַן רגעס פון טויט.
אין סודות־פינצטערע חדרים
בעטן און ראַנגלען זיך בלאַסע הענט מיט בלוט־פלעקן אויף קליידער.

און יעדער פלעק איז אַ צונג —
אַ רויטער שטומער קנופּ פון טויט און לעבן.

אין שוואַרצער וואַרגנדיקער פאַרכט
עפענען זיך די קרומע מיילער פון די מאַסקן.

ווי אַ בלייכער הונגעריקער וואָלף צאַפּלט אויף די שטילקייט,
וואָס שפּיגלט זיך אין דעם שוואַרצן פּנים פון דער נאַכט —

עס רירן זיך די גענצן פון די ערטער.

חרובע טעמפּלען.

און איבער זייער שטויב.
איבער הייזער אייזערנע ריגלען און שלעסער
טרעטן די שטיינערנע גענצן.
און נאַקעטע הענגט דאָס לעבן פון די מידע קאַרניוואַלער,
נאַקעט דער ווילן פון די געטער.
און ניטאָ קיין שפּאָט פאַר דער נאַקעטקייט פון געטער.

אויף גראָע געוואַנטן שלאָפן און חלומען די צעבראָכענע מאַסקן
פון די מידע קאַרניוואַלער.

## צו אַ דיכטערין

### שטאַם פון מיין שטאַם

שטאַם פון מיין שטאַם ביסטו.
און כ׳פיל דאָס גרינען און וועלקן
פון דיין יעדן בלאַט באַזונדער.

גרין פון מיין בלוט ביסטו.
און ווי ווילדער ים־פלאַנץ
שווימסטו אין מיין בלוט.

ווי די שטאַרקע וואַסערן
דריק איך דיינע צווייגן
צו מיינע גרונטן.

ווי אַ טיפער פרידלעכער גאָרטן
אויף די גרונטן פון טייכן
ביסטו אין מיר.

כ׳וועל דיך פון הערבסטיקן הימל באַהאַלטן.

## שטילקייט און טרויער

שטילקייט און טרויער
האָבן געבראָכן שלעסער פון מיין זעל פאַר דיר.

אין שטילקייט און טרויער
האָב איך זיך געגראָבן דורך ערד און פינצטערניש.
און כ׳האָב געהאָרכט צו וואָרצלען פון דיין שטאַם.

אין שטילקייט און טרויער
לאָז מיך אייביק לעבן
אין די גרינגע היגלען און לאַנקעס
פון דיין געזאַנג.

## צו דיר — פון מיר

איך, ווינטיקער סוף־זומער
ריים אויס פון מיר אַ סאָסנע
און שרייב דיר גליענדיקע לידער
מיט זון און ווילדן האָניק
אויף מיין לויטערן הימל
— פון מיר
— צו דיר

ניין, ס'איז נישט הערבסט
אַ יונגער לייב הויערט איבער מיר
און אָטעמט מיט פייער
אויף דעם גרין פון מיין זומער.

די אַלטע דערפּאַרענעביימער
וואָס טייטלען מיט פאַרוויאַנעטע פינגער
וויסן פון ימען פאַרבאַרגענעם גרין
אויף נייעם פרילינג.

באַנעם דאָס שווייגן פון די שטאַמען,
הער דעם רויש פון פלאַמען
אין מיינע לידער צו דיר —
— פון מיר

## אַז די ליבע פייגל

אַז די ליבע פייגל ווערן מיד פון ליבשאַפט
און גראָבן איין די קעפּ אין נאַכט
ליג איך ביי דיינע ברעגן
מיט ווילדע האַריקע קלאַען אויף מיינע געדאַנקען
און קוק דער וועלט אין פּנים אַריין.
איך בין אוראַלט. כ׳קאָן די פּריסטע טעג
וואָס האָבן מיט האַריק ווילדע פיס געטראָטן
אויף יונגער ערד.
די ערד איז גרין. די ערד וועלקט פאַר מיינע אויגן.
אויף אַ ווייס פייערדיק שווייגן
פאַרשרייב איך די נעמען און זאַכן
וואָס שטייגן אויף פאַר מיר מיט די גרינע
טוישנדיקע כוואַליעס אויף דער ערד.
די ערד איז גרין. דאָס גרין איז אייביק גרין.
די גלויביקע רייד פון מיין טאַטן און זיידן
ריידן פון מיינע יונגע ביינער
ביי דיינע ברעגן.
ווי זיי קוק איך און שווייג דער וועלט אין פּנים אַריין.
דיין פּנים איז אַ נעסט
מיט שלאָפנדיקע פייגל.

## באַגינען

איך בין געשטאַנען אויף די ברעגן פון באַגינען.
פון זיינע האַפנס האָבן באַשטערנטע זעגלען
געפלאַטערט
צום נאַכטבלויען ים־ברעג.
האָב איך געהערט דאָס אנקערן
פון דעם קומענדיקן טאָג.
און דער עכאָ פון די אַנקער קלעפּ
האָט זיך ווייט און ברייט פאַרשפּרייט,
און צוריק געבראַכט אַ הילפרוף
פון אַ זינקענדיקער שיף.

## מעמענטאָ

שטילער פון שטיל־וואַסער
נידריקער פון ערד —
בין איך.
דאָס געלעכטער פון מיינע חברים
פאַלט ווי גוטער טוי אויף מיינע ברעמען.

אויף האַרטע פרעכע וועגן
הער איך פיס־טריט קלינגען.
מיין איינציקער באַגער
איז אַ שווייגנדיק פרעגן:
וועמעס פוס וועט מיך צעטרעטן?

## אַ גאָרטן

ווען מען וואָלט אונדז שוין געגעבן
דאָס שטיקל ערד,
וואָס מען וועט דאָך סוף־כּל־סוף
אונדז מוזן געבן —
מיר וואָלטן זיך דערוויל פֿאַרפּלאַנצט אַ גאָרטן.

און צי דאַרף דען אַ מענטש,
ווי איך און ווי דו,
מער ווי אַן אייגענעם גאָרטן?

שפּעטער וועלן קילע שאָטנס
פֿון צוויי שווערע שטיינער
פֿאַלן אויף דער ערד,
אויף דעם הפקרדיקן גאָרטן
פֿון אונדזערע שטילע ביינער.

## ווינטן

ווינטן וואַלטן דאָ און שאַלטן
ווינטן, דינע דאַרע דאַן קיכאָטן
טראָגן זיך מיט ווייסע נעפּל-מיידלעך
אויף די גאַסן פון פּאַסיפיק:
אויסגעראָטן שוין די שונאים פון דער וועלט.
דאָס בייזע איז שוין אַלט און גוט.
און יעדע רגע גרעזלט פון דער ערד
מיט צערטלעכקייט פון נאַכט און טרויער.
און דאָס גרויע אַלטע האַרץ פון זוניקן בעטלער
קניט ביי מיינע קניען:
אַמאָל אַמאָל איז דאָ געווען אַ ווילדע וואַלדעווילדע.
און ווילדע האָבן דאָ געשטרייט
מיט ווינטן איבער מיידלמילן.
איצטער שפּילט און גרינט און העלט
אַ נייער ניגון אין די ווינטן.
און אין מיטן פון דער וועלט
שטייט אַ שטילער גרינער פרידנס-באַרג
ווי דער קבר פון אַ גרויסן בייזן גאָט.
איבער זיין אַלטן באַוואַלדיקטן קאַרק
זעצט זיך יעדן פאַרנאַכט די זון
ווי אַ יונגער גאָלדיק-רויטער האָן
און קרייעט: קוקעריקו.

## פייגל

רויבפייגל שאַרפן די אייזערנע שנאָבלען
אין דעם גרינעם מאַרמאָר פון שטילן ים.
רויבפייגל און ווייסע נעפלען־שפינען
רוען אויף די פינצטערע פעלזן
פון שטילן ים און פריסקאָ בעי.
און יעדן מאָרגן שטייען אויף די אַלטע בלינדע ווינטן
און וויגן די שטאָט ווי אַ רויטן גרינעם גלאָק
וואָס הענגט אַראָפּ פון הימל.
נישט קיין גלאָק —
אַ הענגלייכטער פון הימל
וואָס לייכט פאַר זיך אַליין
איז די שטאָט פון דעם הייליקן פראַנציסקוס.
די פייגל ווערן אַלט און בלינד ווי מענטשן.
די מענטשן זיינען אַלט און יונג
און קוקן מיט שמאָלע אויגן פון געלער בענקשאַפט.
די ביינער ווערן ווייך ווי וואַקס פון בענקשאַפט,
ווען פאַר די שמאָלע אויגן שווימען
קליינע בערגלעך שטעט און דערפער
צום גאָלדענעם טויער אין די נעפלען,
אין די ווייטע גרויע מדבריות פון שטילן ים.
אויף די ווייטע גרין פאַרשימלטע העסעם
פון דער הענגלייכטער־שטאָט
ברענען, בליען, שווימען און פאַרשווינדן
בליינע אָאַזיסן
אין די גרויע מדבריות פון שטילן ים.

## פון ים

אויף דער ליפּ פון ים זיינען דאָ שדים און רוחות און ים־רויבער.
די חלומות פון הערלעכע שטעט און ווייטע גאָלדענע לענדער
רעדן אַראָפּ פון דער ליפּ פון ים.
נאָר דער ים אַליין איז אַ גרויע, וויסטע, שטורעמדיקע איינזאַמקייט,
וואָס וואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד.

ים־רויבער, שדים און רוחות —
טרייע קנעכט פון דער הערלעכקייט,
ערגעץ קלינגט איר שטאָלץ מיט קייטן —
האָט ווער נאָך געזען אַ לאַנד אַזוי איינזאַם ווי דער ים ?

אויף דער ליפּ פון ים ציטערט טויט געגוג
פאַר אַלעמען פון אונדז.
פרייהייט ברומט די ליפּ פון ים.

## פאַרנאַכט לעבן ים

דיין לעבן איז ווייט
און טיף אין די נעפּלען שטייט די זון ווי אַ ספינקס פון דיין גאָלדענעם שוויינן.
עס וויגט מיך אין חלום דער שוים אויף די איינזאַמע זאַמדיקע ברעגן.
איך בין אַליין. קראַנק פון ליבשאַפט בין איך און אָרעם ווי אַ בעטלער.
נאָר די מורא פאַרן טויט הענגט אַזוי קיניגלעך־רייך אויף מיינע אַקסלען.

קיל איך דעם איינזאַמען זאַמדיקן ברעג :
שטילע כוואַליעס, וואַשט אָפּ דעם טרויער פון מיינע געדאַנקען.

# וועגן צוויי

צוויי זיינען זיי געווען
יונגען אין די צוואַנציקער ביים ברעג פון ים.
און זיי ביידע זיינען אָרעם געווען ווי די פייגל,
און ביידע האָבן לידער געזונגען.

איז איינער געוואָרן אַ בריק איבערן וואַסער
צו די שווערע געאַנקערטע שיפן,
און דער אַנדערער האָט מיט אים די אוצרות געטראָגן
פון די שווערע געאַנקערטע שיפן.
אויף אייגענע פּלייצעס האָבן זיי שיפן געבראַכט צו די ברעגן,
און גרינג איז געווען זיי דאָס לעבן.
שווער זיינען נאָר די זיגלען געווען
פון די שווערע פאַרזיגלטע אוצרות.

ביז איינמאָל האָט אַ ווייטע פרעמדע בענקשאַפט
געאַנקערט אין זייערע לידער,
האָבן זיי געקושט זייערע מיידלעך.
און די מיידלעך האָבן נישט געוויינט.
נאָר פון זייערע באַקן האָט געשמעקט
אַ דינער פייכטער ריח פון טרערן.

און ווער זיינען די מיידלעך געווען?

געוועז זיינען די מיידלעך פון הויז לעבן ים.

אַז איינמאָל האָט אַ ווייטע פרעמדע בענקשאַפט
געאַנקערט אין זייערע לידער,
האָבן די יונגען דערזען
אַז זיי האָבן ניט מיט וועמען צו געזעגענען זיך.
האָבן זיי די הערצער געבראַכט
אין דעם הויז לעבן ים,
וואו די קליידער פון אַלע מיידלעך
האָבן געשמעקט מיט דעם זאַלץ
פון ווייטע פרעמדע ברעגן.

און די מיידלעך זיינען מיט זיי געגאַנגען,
זייערע לידער געזונגען.
און דריי נעכט מיט זיי געוועז
אויפן קילן ים־זאַמד
אונטער דעם גרינעם געזאַלצענעם הימל.
פון זייערע רייד האָט געטרערט
אַ בענקשאַפט צו ווייטע פרעמדע לענדער.
און די מיידלעך האָבן נישט געוויינט,
נאָר די יונגען האָבן אויף זייערע באַקן אַוועקגעטראָגן
דעם דינעם ריח פון מיידלשע טרערן
אין די ווייטע פרעמדע לענדער.

# אין שטילקייט

טויט שלאָפט אין שטאָט.
שטילקייט פליסט פון שטיין צו שטיין.
שוואַרצע כוואַליעס טרויער
שלאָגן אויף די ברעגן פון דער וועלט.

אין די נאַכטיקע גאַסן,
דורך אַלע מיינע טעג און ביכער,
בין איך אַ שוואַרצער היעראָגליף אין דער בלויער נאַכט.
איך טראַכט פון טויט
און לייען די שילדן אויף די קראָמען.

האַלבע נאַכט רוט מיין קאָפּ אויף אַ ווייסן שטיין
און הערט די שוואַרצע כוואַליעס טרויער,
וואָס שלאָגן אויף די ברעגן פון דער וועלט.

מיט שבעה-טריט שלייכט דאָס לעבן אַרום מיר.

## נאַכט סילועטן

א

ווילד פרעמדע שטימען
פירן נאַקעטע געשפּרעכן
אין מיין אַליינקייט.

פינצטערע געשטאַלטן
שטומען אין די קברים,
וויינט פון זיי מיט פוילער ערד
וויינט אין מיין אַליינקייט.

האָט אַ שטיק ערד
פון יסוד זיך אָפּגעריסן
און וויינט אין אַליינקייט.

ב

קנוילן שטילקייט.
אַ בלייכער שפּין
פאַרוועבט מיין געשטאַלט איבער די מויערן.

איצט בין איך אַ קנויל
אין דער וואַרעמער נאַכט
וואָס שלאָפט אין די אָרעמס פון דער שטילער שטאָט.

אויף דעם האַרץ פון דער נאַכט
שלאָפן וואַקסענע פרויען.
און האַרטע בראָנזענע מענער
שלאָפן ווי טויטע לייבן
מיט זויג־קינדער ביי דער האַריקער ברוסט.

און איבער זייער שלאָף
אין שטילער איינזאַמקייט —
פֿון ערדענער, אַ לײדיקער טאָפּ בין איך
אין נאָכלאָזיקע הענט.

## איך האָב געזען דאָס פאַלן פון דעם ערשטן שניי

די נאַכט בינדט שטילקייט אַרום די הייזער.
פּאָעטן און נאַכט־אַרבעטער
מעדיטירן אין די נעפּלען.
דערטרונקענע וואַרפט זיי די נאַכט אַרויס
אויף די זאַמדיקע ברעגן אין באַגינען.

בלויז דער געלער טורעם־זייגער וואַכט
און ציילט די צייט
ווי קאַרגע מינצן אויף די שטיינער.

די נאַכט בינדט שטילקייט אַרום די הייזער.
די שלאַנקע טורעמער אין די נעפּלען
זיינען די ריטער פון גרויען פאַרצייטן
וואָס וואַכן איבער די גאַסן
פון אַ טויטן רייך.

די נאַכט —
אַן אַלטע פאַרלאָזענע פרוי
בלאָנדזשעט דרימלענדיק
אין די פינצטערע צימערן פון איר הויז.

אונטער אַ שיכט פון קאַלטן זילבער
לייכט דער טרויער אויף איר פּנים
אין די פינצטערע צימערן פון איר הויז.

די נאַכט וויינט נישט אין איר איינזאַמקייט.
די נאַכט טראָגט קאַלטן שטאָלץ
אין דעם האַרץ פון איר טרויער.
בלויז דאָס געלע פּנים פון דעם טורעם־זייגער
ווייסט דעם טרויער פון איר טויטן רייך.

העכער פון איר טרויער
טראָגט די נאַכט איר שטאָלצן זילבער קאָפּ,
אין די פינצטערע צימערן פון איר הויז.

## געשטאַלטן

וויפל האָב איך שוין געזען געשטאַלטן פון מיין לעבן
און וויפל פון מיין טויט.
היינט, מיט דעם ערשטן ריח פון הערבסט
איז עס געווען אַן אַלטער אַקראָבאַט.
אויף אַ גראָזיקער לאַטע פאַר מיין הויז
האָט ער אַ קאָזשעליק געמאַכט
און געזונגען צו דער פערטלדיקער לבנה:

אַ, דו מיין גאָלדענע באַנאַנע,
רייץ ניט ווען דער הונגער כאַפּט אַ דרימל.
מיין ווייב איז מער זיך נישט מהנה
מיט אַ בייקע וועגן טעלערל פון הימל.

דערנאָך האָט ער געשטעלט זיך אויפן קאָפּ
מיט הענט און פּיס צעצווייגט
ווי אַ בוים אין דער נאַכט.
און ער איז געפאַלן ווי אַ טויטער בוים,
וואָס די פוילע ווינטן פון זיינע אַלטע יאָרן
האָבן אויסגעריסן פון דער נאַכט.

וויפל האָב איך שוין געזען געשטאַלטן פון מיין טרויער
און וויפל פון מיין פרייד.
היינט, מיט דעם ערשטן פריילעך פון דער זון
איז עס געווען אַ יונגער פריילעכער בעטלער
אין מיטן דער רוישיקער שטאָט.
און היינט איז מיין ווילדער באַוואַקסענער קאָפּ
אין מיטן דער רוישיקער שטאָט,
אַ קליינע שלאָפנדיקע ווילדעניש
וואו עס טאַנצט אום אַ פויגל אַ פרייער
און זינגט מיט אַ פריילעך אָן ווערטער.

# נאַכט

קומט אַ וואָגן אָן פון ווייט,
כאַפּט די שטילקייט און אַנטלויפט.
כאַפּט דאָס ראָד אַ בענדל אויף
פון נאַסן ברוק,
און דער רעדער־קלאַפּ
יאָגט דעם וואָגן נאָך.
לויפנדיק
כאַפּט דער רעדער־בראַזג
פאַר די אויערן מיך
און שלעפּט מיך מיט
ווי דאָס בענדל אינעם ראָד.

צווישן פאַרשלאָפענע ווענט
לויפן מיר אַלע
מיט אַ ליאַרעם
אין דער נאַכט.

## אַ פּידלער

אַש פון זעכציק יאָר און אפשר מער.
שטאָלענע שפּיזלען פון לבנה האַלטן דיינע אויגן,
אַז דו שפּילסט
אויף דעם דינדינעם פידל,
אַז דו שפּילסט דעם סטאַר ספּענגעלד
אויפן ראָג פון אַכטער עוועניו
מיט אַ בענקשאַפט אַזש פון פּוילן.

אַש פון זעכציק יאָר און אפשר מער,
היט דעם שטילן, זילבער־קילן לעצטן פונק.
אָ, וויפל שרפהס האָט דיין פנים שוין געזען.

געמיט מיינס — פעלז מיט טויזנט שראַמען,
איז שוין גאָר קיין רו ניטאָ
אפילו ניט פאַר טויטע ביינער?
וואָס זשע ווײנט עס אין דעם שטילן, זילבער־קילן פרידן
פון אויסגעברענטע אַשן,
דו גאַסנשפּילער,
אַז דו שפּילסט דעם סטאַר ספּענגעלד
מיט אַ בענקשאַפט אַזש פון פּוילן?

## לבנה

די לבנה איז אַ גרייזגראָע מיידל
וואָס נאַכטוואַנדלט איבער די פינצטערע הייזער
פון אונדזער שטאָט.
פון אירע אויסגעלאָשענע אויגן
טריפן קאַלטע טרערן אויף די קעפּ פון די הייזער.

אין פאַרפייניקטער פרייד
וואַכן מענער אויף בעטן
און הערן דאָס געוויין איבער די קעפּ פון די הייזער.

די לבנה איז אַ גרייזגראָע מיידל
וואָס האָט איר בעט פאַרלאָזן
און נאַכטוואַנדלט איבער די גאַסן
פון אונדזער שטאָט.
מיט קאַלטע ליפּן קושט זי די קליידער
פון שיכורים און גאַסנמיידלעך.

# איינגעמויערט

עס וועט נישט העלפן אונדז דאָס פּאַכען מיט די הענט און שרייען.
מיר האָבן אַליין אין ווענט זיך איינגעמויערט
און וועלן פון זיי זיך ניט באַפרייען.
מיר האָבן דאָס ליים פּאַר ציגל אין אונדזער אייגן בלוט געברענט,
און שטיין צו שטיין מיט אונדזער אייגן פּעטש געקלעפּט,
און אויפגעמויערט זיך הויכע ווענט.
עס האָט די פיבער־שנעלקייט פון אונדזער בויען אונדז פאַרבלענדט
און בויענדיק האָבן מיר אין די מויערן
איינגעמויערט דעם פיבער פון אונדזערע הענט.

עס וועט נישט העלפן אונדז דאָס פּאַכען מיט די הענט און לויפן,
מיר האָבן אַליין מיט פיבער, פּעטש און בלוט זיך איינגעמויערט
און קאָנען פון דאַנען נישט אַנטלויפן.

## אַ נעפּלדיקער טאָג

ביז צום לעצטן שאָטן אַ פֿאַרפֿוילטער
האָט דער טאָג אַוועקגעלייגט זיך
אויף די נאַסע ווענט.
ווי קיינמאָל וואָלט די נאַכט ביי אירע גרענעצן
אַזאַ פֿוילקייט ניט געזען,
איז זי אויף די דעכער פֿאַרבליבן
און קוקט אַראָפּ,
ווי אין דעם שיין פֿון לייכטנדיקע פֿענצטער
שטרעקן זיך אויס געלע הענט
און רייסן שטיקער
דורכגעפֿוילטע גלידער פֿון דעם טאָג,
און וואַרפֿן זיי ווי נאַסע שמאַטעס
אויף די שאָטנס
וואָס שלייכן דורך דער גאַס.

## פאַר אַ ביין

מיט דעם קלאַנג פון אַ מטבע
האָבן זיי געמאָסטן מיין געדאַנק
און כ׳בין דאָס וואָכנליד
פון שטאָט און גאַס געוואָרן
פאַר פייפנדיקע לאָבוסעס
ביינאַכט אין ווינקל גאַס.

און דו האָסט מיך געזען
ווען איך האָב זיך געדונגען מיט דער שטאָט,
וואָס האָט מיין מאַרך,
מיינע הענט,
און מיין אָטעם אָפּגעקויפט.
פאַר אַ ביין,
פאַר אַ ביסל זאַלץ,
פאַר גראָשנס צוויי.

## אַ קבצן

איך קום פון שטאָט.
איך בין דער חלום פון שטיין.
דערפאַר בין איך אַזוי דין און גרוי,
און כ׳האָב קיין שטימע נישט.
דערפאַר וויל איך מיט מיין געוויין
אויפן מאַרק נישט גיין
כאָטש כ׳בין אויך אַ קבצן אין זיבן פאָלעס.

# VORTEX

יעקב גלאַטשטיינען

טויט — — —
ערד — זינד — טוגנט — טויט —
און שוואַרץ און רויט און ווייס און גרוי
און אַלץ וואָס שטאַרבט —
לעבט, געבערט און שטאַרבט —
איז אין געטריבענעם רינג אַרום מיר —
לעבט, געבערט און שטאַרבט
אינעם געטריבענעם רינג אַרום מיר —

וויל איך — וועל איך — וויל איך אַרוים —
וויל איך אַן אָנפאַנג געפינען —
וויל איך געפינען אַ סוף —
אַ סוף
אַ סוף
אינעם געטריבענעם רינג אַרום מיר —
און אַלץ וואָס שטאַרבט —
לעבט, געבערט און שטאַרבט
שטאַרבט אַרום מיר — — —

## שפּיגלשפּראַך

ווער ביסטו, דו
וואָס פורעמסט אייביק אין גראָ?
און דו
וואָס קוקסט אויף מיר מיט דעם גאַנצן גראָען וויסט פון הימל?
פאַרוואָס צערטלען דיינע פינגער
דעם קאַלטן בליי פון גראָע אינהאַלטלאָזע טעג?
פורעמסט געשטאַלטן
וואָס הערשן איבער דיר מיט זייער פּיין,
וואָס טראָגן שפּאָטיש דאָס געוויין
פון דיינע הענט.

אין דיין לעבן שלומערט דער טויט
ווי זאָמען אין דער ערד,
און גייט אויף אין דיין פּנים
ווי שטערן אין די נעפּלען.

דו פון קאַלטן בליי,
איך
שפּאָט־געשטאַלט פון דיינע גראָע אינהאַלטלאָזע טעג —
גאָרנישט זע איך אין דעם גראָען וויסט פון דיינע הימלען.
בלויז שווייגנדיקע פאַרדרוסן
צינדן ווייסע פייערן אין דיין פּנים,
און דיין מויל איז אַ טויטשלאָס פון סודות.

## דיינע גראָזן

כ׳טראַכט פון דיינע גראָזן, וויטמאַן,
און הער דעם רויש פון גרויסן
שטיינערנעם וואַלד מאַנהעטן.

## ע ר ד

פאַרנעם מיין ליכט.
באַוועגלאָז שוואַרץ און שטיל ווי דו,
ערד מיין ערד,
לאָז מיין פנים זינקען
אין דיין שוואַרצן לייב.
פאַרוויג מיך אין דעם גרינעם שלאָף
פון דיינע אָוונטיקע גראָזן.

פאַרנעם מיין רויש.
באַוועגלאָז שוואַרץ און שטיל ווי דו,
ערד מיין ערד,
פאַרוואַנדל מיך אין שלאָפנדיקן זומפ.
לאָז מיך שמייכלען
מיט דעם זילבערגרין
פון שלאָפנדיקן זומפ.
לאָז מיך אויפשטיין מיט דעם געלעכטער
פון דיינע פרימאָרגנדיקע טייכן.

## ט אַ פּ ע ט ן

אויף גאָלדיק־זוניקע טאַפּעטן
צום הימלבלוי פאַרבענקטע
קוקן שטילע אויסגעטראַכטע האָזן.
צווישן גראָזן בין איך אַ גראָז
און ס׳פאַרוועבט מיך מיין פאַרביק וועלן.
וואַרעם גאָלד
איז דאָס געוועב פון מיינע געדאַנקען.

ציטער־גרין פון ווייסע אָוונטיקע לאַנען
אין מיינע רייד
און גרינג ווי נאַכטיק־זילבערנע זונען
פאַרגייט מיין זיין.

עס ליגט אויף מיר ווי מירמלשטיין מיין דויער,
נאָך שווערער איז מיר דער טרויער
ווען כ׳בין מיט דיר אַליין
מיין שטיל פאַרגיין.

## דאָס ווײפֿלטע מאָל

און שוין דאָס ווײפֿלטע מאָל אַז איך טראַכט:
איך וואַנדער צווישן אַלטע ספרים,
מדבר־שטויב און קינדער־לידער.
ווײכע שטילקײטס־וועלן רוישן איבער מיר.

איך האָב זיך דערוועגט צו די שטערן.
איך האָב געלאָזט מײַן אײגן ווערן
מיך צעשטערן.
אין זיך אַלײן געזוכט,
אין זיך אַלײן געגראָבן,
ביז כ'האָב דאָס שווײַגן פֿון דער טיפֿעניש דערהערט:
ווער קען גראָבן טיפֿער ווי די ערד.

איצט שטײען מײַנע טעג
ווי ווײַסע פֿאַרשטײנערטע וועכטער
אַרום די גרינע געצן פֿון געדאַנק.
און איך אַלײן
בין ווײַסער וואַנדערנדער שײַן
אויף אַלע שוואַרצע שווײַגנדיקע טיפֿן.
ווײכע שטילקײטס־וועלן רוישן איבער מיר.

**שאָטנבערג**

שאָטנבערג, גייט פאַרביי,
לאָזט פריי דאָס גערייד פון וואַסערן איבער אַלע פלאַכן.

עס איז ניט די לבֿנה —
אַ געלער טיגער הויערט איבער די בערג,
זיין בלוטיק מויל האָט אַלץ שוין פאַרצוקט,
די שטילקייט פון הימל פאַרצערט אַלע שרעקן.

דורך גראָזן און זומפּן
אין מאַסקן פון זילבער שלייכן מיינע חלומות צו דיר,
בלויז דער אומעט פון פאַרגעסענער שיינקייט איז מיין.

שפּרייט אויס איבער מיר די פלאַכן פון די קאַלטע שוואַרצע טייכן,
לאָז מיך אין דיינע שווייגנדיקע טיפן,
די ווייכע וועלן זינגען מיינע לידער.

### ליים

געמיט פון שווערן ליימענעם בודא,
נער מיך פון דיין דרימלענדיקער רו.
אין שטילן וואַנדער
בין איך דאָס שווייגן פון אַ חיה אין אַן אייזערנער געדאַנקען־שטייג
און פון די טיפן הער איך דאָס שטיל געוויין
פון שוואַרצער מאַכט און אייביק זיין.
ווען דרימלענדיקע רו באַוועגט דעם שלאָף פון גרין,
וואָס וויינט אין מיר מיין מאַכט פון אַ גרעזל?
שטומער ליים, גיב מיר אויך פון דיין דרימלענדיקער רו
פון דיין קאַלטן שווייגן.

# אַרום דעם רונדן טיש

א. לעיעלעסן

דאָ אַהער, פון די ווייטע, ווייטע נאָנטע,
קומענדיקע וועגן
קומען זיי.
מיט די בלאָע, ברוינע, רויט און גרויע נעפּלען
אין די אויגן.
מיט יונגע, מיט רויע, און רויטע געבורטן,
מיט גרייזגראָען שווייגן פון שטאַרבנדיקן לעבן,
מיט גרייזגראָען פאַרשווייגן פון שטילן פאַרגיין.

דאָ אַהער, אַרום דעם רונדן, דעמבן־שווערן טיש,
וואָס הערט דאָס גאָלד פון שווייגן.
וואָס הערט דאָס זילבער פון רייד
אויף קינדישע ליפּן,
פון רואיקע זקנים.

דאָ, אין די בלינדע ווינקלען, אַרום דעם רונדן טיש,
טאָגט אין טוי דער קומענדיקער מאָרגן.

אין די בלינדע ווינקלען קוקן זיי
די ווייטע, נאָנטע
מיט די בלאָע, ברוינע, רויט און גרויע נעפּלען
אין די אויגן.

די ווייטע, נאָנטע
מיט דעם גאָלד פון שווייגן,
מיט דעם זילבער פון גרייזגראָע רייד.

און אַלע זיינען שווארץ און שווייגן,
און קוקן אויף די אָנגעשטרענגטע פינגער,
וואָס הארן, הארן
אויף דעם געשריי פון ניי־געבורט.

## פרעלוד

מיט אָרעמס פון קיזל און אייזערנע שטערנס.
דורך ניסים
וואָס הענגען ווי פעלזן אויף קייטן פון בלייענע הימלען,
איבער דורות
וואָס הערבסטן און וואקסן
ווי פינצטערע וועלדער אויף אַנטשלאָפענע ימען —
שאַלן און שאַלן די קריגס־ריף.
מיר טונקען די שווערדן אין ווייַן און מיר לויבן.
מיר בויגן די גרוי־רייכע קעפּ און מיר לויבן.
מיר לויבן. מיר לויבן.
דיין נאָמען מיר לויבן.

# אומענדלעך

אומענדלעך ציט זיך די גרינע זעטיקייט איבער דער שטילער ערד.
אומענדלעך שטומט דער ווייסער סאַד
איבער שטעט,
איבער אַלע וועגן פון דער וועלט.

און פונקט ווי יעדער בוים האָט זיין שאָטן
האָט יעדערער זיין טרויער.
און פונקט ווי יעדער בוים
האָט יעדער טרויער זיינע וואָרצלען אין דער ערד.

דו זאַטע רו פון דער ערד,
שווייגנדיקע מאַמע פון אַלע געבורטן,
צווילינג ברידער מיט טויט קומען מיר פון דיינע געדערים.

# זונפאַרגיין

צווישן קאַלטע מאַרמאָרנע זיילן,
פאַר אַ טראָן פון פורפור,
וואַרט אַ וואַלד פון שוואַרצן פאָלק
פאַרגעצט אין שווייגן.

שטיל פליסט די ליטורגישע שעה
איבער בלאָע שלאָפנדיקע בערג.
פון די ווייסע שטיינערנע אַלטאַרן
קרייזט די גראָע הייליקייט אַרויף
אין שטילן בלאָ אַריין.

מיט באָרוויסע פיס
שפרייזט די הייליקייט
איבער דער טויט-שטילער ערד
און קניט אין האַרץ פון פאָלק.

אויף דער טויט-שטילער ערד
פאַר דעם ליידיקן טראָן
שטייט פאַרגעצט אַ פאָלק
מיט ברויט און זאַלץ
און שווייגט מיט שוואַרצן טויט.

## מיט לודוויגן

שוין דעם צווייטן זומער
בליען דיינע ווייסע ביינער
אין דער זוניק ווײסטער ערד.

האָסט געהאַלטן וואָרט
און איינגעגראָבן די פלעקער
פון דיין אייביקן ביידל
ערגעץ אויף אַ ווײסטער ערד.

און ווי אָפט איך זע דיך נאָך
אין דיין זוניק טרויער־הויז
אויף דעם גרינעם באַרג־שוועל
פון לאָס אַנדזשעלעס.
איך רעד צו דיר
פון דיינע לידער
און פון דער ווייטער

ירושלים ד׳אַמעריקע.
נאָר דו דערציילסט מיר
פון הויכע ווילדע גראָזן
אויף אַ קליין בערגל.

שוין דעם צווייטן זומער
בליען דיינע ווייסע ביינער —
מיט דער צייט
וועסטו זיך נאָך צעוואקסן
אין אַ שלאַנקן גרינעם אייקאַליפּט
איבער דיין אייביקןביידל.
און איך וועל קומען
רוען אין דיין שאָטן
און רעדן צו דיר
פון אונדזערע לידער,
פון אונדזערע חברים,
דו שטאָלצער קראַנקער
חבר מיינער.

# אָוונטלאַנד

עס ראָלן זיך, ראָלן זיך די ווייטע שטילע ברענענדיקע רעדער פון צייט.
אויף דעם רוקן פון די וועגן
גליט די רויטע שעה.
קיין הונט. קיין ווינט. קיין מוטערמענטש.
בלויז דער שאָטן פון מזרח
שטייט ווי אַ געלער שווייגנדיקער שקלאַף
ביי די אָפענע טויערן פון דער וועלט.
שאָטנס פון דער שוואַרצער ערד
צוקן־אויף ווי ווייטע וואַנדער־כאָרן
און רוען אין די נעפּלען.
און שטיל —
אַ פייער־פעסט פאַר דער וועלט אַליין.
און מערב גיסט מיט רויטן ווײַן
אויף שווייגנס ווייסער פאָן.

## די יונגע זקנים

אויסגעניכטערט פון אלע ווײַנען
בלאָנקען מיר אין די גאַסן
ווי אײנזאַמע זקנים
אין הײסע זומער טעג.
אַמאָל פאַרשפּילן מיר זיך
מיט שטראַלן און מיט שפּינוועבן
און אַ פײַכטער גאָלדענער זשאַווער
פון אײַזן און פון חכמה
שמײכלט אין אונדזערע בײנער.
נאָר אין יעדן ביסן ברויט
און אין קוועלנדיקן וואַסער
פילן מיר די ביטערקײט פון הייוון.
און פון דערזועלבער האַנט
וואָס ברענגט אַ קורצן דויער
וואַרעמקײט פון ליכט,
קומט דער נאָכטרויער
וואָס פאַרלעשט, פאַראיכט
און פירט אונדז שטענדיק
צוריק אין אײנזאַמקײט,
וואו די הערצער זײַנען
ווי דאָס הײליקע ברויט
וואָס ווערט געבראָכן אינדערשטיל.

# וואָס דער וואַגאַבונד האָט מיר דערציילט

כ'בין איינמאָל אַוועקגעפאַלן
און איינגעשלאָפן ווי אַ זומפּ
אין שטאָטישן פאַרק לעבן טייך.
און ווען כ'האָב אויפגעוואַכט
איז לעבן מיר אויף דער ערד געלעגן
דאָס גאַנצע בלויע הימלרייך
מיט אַלע ווייסע וואָלקנס און שטערנוועגן.
כ'האָב געוואָלט שרייען און נישט געקענט,
וואָרעם אַ גרויער מאָנומענט האָט פּלוצלונג
זיך שטיל צעגענעצט, געעפנט די אויגן,
לעבן מיר אין פייכטן גראָז זיך אויסגעצויגן
און ווי אַ וואונדערלעך געזאַנג
מיר געגעבן זיין שווייגן
מיט די אָפענע אויגן און שטיינערנע הענט.
און מיר ביידע האָבן געזען
ווי אַרום אונדז אויף דער ערד
קניען די ווייסע פולע וואָלקנס
ווי נאַקעטע שוואַנגערע ווייבער.
און פון זייערע צייטיקע קערפּערס
גליטשן זיך אַרויס סערפיקע לבנות
און שפּרינגען ווי זילבערנע קראָליקעס
אויף די ביימער
און — — — — — —
אויף מיינע נאמנות,
עס איז געווען נאָך מער צו זען,
נאָר דאָ איז אָנגעקומען פּאָליציי
און מיך געהייסן גיין.

# לעגענדע

I

איך בין ניט קיין אַסקעט און
הייליקייט איז ניט פון מיינע גאווהס.
דערפאַר, הויכגעשעצטע, איז
ניט אייער באַבעס דאגה מיינע תאוות.

אויף די בלאַנקע ראַנדן פון מיין מעת־לעת'יקער מי
גיי איך מיט די טריט פון דיין ליבשאַפט.
זאָל מען קומען אויך דאָ בויערן מיין אויער —
איז וואָס־זשע ווילט איר זאָל איך
אייביק זיין דער ביאָלאָג פון אייער טרויער?

איז וואָס אַז מיר וואוינען דערווייל אין די קאָרידאָרן.
מיט דיין שטילקייט ווי אומגעריכטער שניי ביינאַכט —
צו וועלכן פּאַליום זאָל איך מיט דיר פאָרן, וואו אהין?
קומט צעברעקלט מיך אויף
אוכניעם טענער פון אַ מאַנדאָלין.

אין דעם שטומען טונקל קוים בלוי
ווי די אָדערן פון דיין האַנט,
ליגט ער קין'ס שטערנדיקער ברודער.
דער פראָסט פאַרפלעכט אים אייזיקע צעפּ.
און שוין צום ווײפלטן מאָל האָב איך היינט דעם טויט
אַרונטערגעבריקעט פון אַלע מיינע געדאַנקען־טרעפּ.

פון דעם קליינעם געאָגראַפישן צייכן צווישן הימל
און מיין פאָטערס הויז
בין איך געגאַנגען אַ זיגזאַג אין דער וועלט אַריין.
פון מענטש צו מענטש פון גאָט צו גאָט.
און אומעטום דאָס געלעכטער פון דער ציג
דער נאַרישער פון מיין לעגענדאַרישער שטאָט.

נאָר דו: אין דעם נאַרטליכט פון דיינע אויגן
וואַנדערט אַ פּירי, בלאָנדזשעט אַן אַמונדסען פון געדאַנק.
איך שפּאַן. און יאָ געשנייט צי ניט געשנייט —
דער דיל אין מיין הויז סקריפּעט
יעדער נאַכט אונטער מיינע פיס.

II

ווידער וואַרט איך אויף אַן ערשטן טאָג.
דער ערשטער איז געקומען אין אַ שטוב
מיט אַן ערדענעם דיל
וואו כ׳האָב געחלומט פון פאַרזייען אַ גאָרטן
מיט קאַרטאָפליעס, ציבעלעס, מייערן און וואו ניט וואו
אַ בלימל —
ווען נישט דער פרייטיק ווען די מאַמע האָט דעם גאָרטן
פון עטלעכע האָבער־גרעזלעך
אויסגעקערט לכבוד שבת.

דאָס איז די אייגענע ערד פון אונדזערע עלטערן,
ערד אָן זון, אָן גרינעם זין נאָר מיט קברדיקער קעלט,
צו דערמאָנען די באָרוועסע פיס
פאַר אַ טראָציקן טראָט,
פאַר אַ טראָט פון ליבשאַפט צו בטחון,
ווען דער מוח איז אַ בינשטאָק.
ווידער וואַרט איך אויף יענעם מאָרגן,
אויף דעם וואָרט וואָס ציטערט מיט באַגינען
צווישן אַליקע ציין.
די נאַכט איז פול געוויין מיט דעם פלאַטער פון אומרואיקע עופות.
הענערקריי האָט די ווייטסטע הייזער דערנענטערט :

נאָך אַן אָרעמער ייד איז געבוירן געוואָרן.
און הויך איבערן פינצטערן קלויסטערבאַרג
האָט געפייערט דער פרימאָרגן
מיט אַ גליענדיקן צלם אין דער האַנט.

און די יידן מיט טלית-זעק
לויפנדיק אין שול אַריין,
מיט נאַכטיקן פחד אויף די ברעמען,
אַנטלויפנדיק פון די טעג
וואָס גייען אויף מיט גליענדיקע צלמים,
אין אַ מיטלאַלטערלעכער פּראָצעסיע
איבער די פינצטערע בערג.
איך געדענק און דערצייל דיר —
איך וואַרט ביי דיינע אָפענע אויגן
צו אַ נייעם מזרח.

III

פראַנסואַ סעליע, וועטעראַן סיגנאַליסט פון דער וועלט־מלחמה, האָט אויך הייַנט, ווי אַלע יאָר, געשאַלט דעם טראָמפּייט ביי אַ צערעמאָניע פאַר וואָפנשטילשטאַנד.

— נייעס.

אַ שטומער פויגל שוויַיגט מיט געזאַנג.
דער בלינדער וואַרעמט די וויאַנענדיקע הענט אין דער זון.
ס'איז הערבסט און גוט וואָס איך דאַרף צוליב דיר
נישט בייטן מיין פּנים מיט יעדן סעזאָן.
אַלאָן! פראַנסואַ סעליע איז נאָך אַלץ סיגנאַליסט,
פראַנסואַ דער פויער מיט אויגן פון ביטערן רויך.
ער הערט די חזירים פרעסן דאָס ווערמיק קרויט,
די שטילקייט פון זיין מוח —
הערבסט, הערבסט, הערבסט.

מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג
עפנט דאָס טויטנפעלד די בלימלדיקע אויגן.
עס קומען אָן דיפּלאָמאַטן מיט אַן אייגענעם מאַרגנגלאַנץ
אויף די צילינדערס.
זיידענע שיכלעך שמועסן קלינגענדיק מיט יונגע שפּאָרן,
און די אַלטע זון שפּינט איר געוועב אויף מעכטיקע פּליכעס —
אַ מענטש דאַרף זיין געדולדיק ווי אַ בוים
צו הערן געזאַנג אין אַ ווינט ווי איך,
ווען כ'טראָג זיך פאַרביי אויפן טויטפּראָנט —
עס ציטערט די גראָזיקע ברעם פון אַן אומבאַקאַנטן ווערלען:
הערבסט, הערבסט.

מיט דעמבענע בלעטער באַדעקט איז דאָס אָרט,
וואו פראַנסוואַ סעליע האָט היינט דעם אַכצנטן הערבסט
געשאַלט דעם פריד־טראָמפּייט.
אָפּגעשאַלט און אַ שטילקייט ווי טויטער ווינט
ליגט אויפן פעלד.
און אַ שטילקייט וואָס ווערט שטילער נאָך
ווען אַ קאַץ לויפט אונדז פאַרביי —
הערבסט.

אָ, איך גלויב עס קומט צו אונדז אַ נייער מענטש.
מיר ווילן אים אַנטקעגן גיין דעם גאַנצן שווערן ווינטער.
און דו מיין ווייב ביסט שטאַרק, שטאַרקער נאָך,
ווען ווינטן בינדן סנאָפּעס רעגן אין דער נאַכט.
עפּנסט אויף אַמאָל די אויגן צו כאַפּן כאָטש ביים עק
אַ העזל פון דער נאַכט — ניטאָ קיין שרעק.
פריד וועט קומען ערשט אין פרילינג
און דו עסט און טרינקסט שוין מיט אים.
פראַנסוואַ סעליע איז אַ פּויער
מיט אַ היים, אַ ווייב מן־הסתם,
אַ טאָכטער, אַ וואַרטנדיקע וויג און פרידלעכן קוימענרויך —
זיין פּנים אַ געשלאָסענע פּויסט:
דער שטומער פויגל איז זיין וואָרט.
די דעמבענע בלעטער בליען מיט פאַרבן פון פאַרנאַכט.
די זון לייגט אַ גרויסן שאָטן־צלם אויפן טויטן אָרט.
דאָס פינצטערע אויג פון קאַנאָן
קוקט שטיל צום גלעזערנעם האָריזאָנט.

IV

אויפן האָדסאָן, אויפן האָדסאָן,
אַ מעשה געשטויגן, געפלויגן.
מיט דעם פריד פון דיין האַנט
ווי גאָלדענער ווייץ —
ס׳וועט זיין היינט אַ לבנה־בויגן.
מיט טויזנט פייגל־פיס
טאַנצט דער רעגן אויפן האָדסאָן
פאַר מיר, פאַר דיינע אויגן.

דער גאָט פון אַ ניו־יאָרקער זומערטאָג
האָט זיך געזעצט אויף די פּאַליסאַדן.
גיב מיר די מאַכט און פינצטערניש
פון דיינע שטיינערנע עסטראַדן.
דער ווינט שרייבט טראַציק רויטע שורות
אויפן האָדסאָן.
אויף יענער זייט ים,
דער האָרעפּאַשנער גריל
דרילט און הערט נישט אויף צו האַמערן
אַ שטעג דורך יעדן מיין געדאַנק
צו מיטלאַלטערלעכע קאַמערן.

V

שוואַרצברויט. ווייס געקאַלכטע ווענט.
נאַכט האָט אין שטילקייט ווי וואַרימע וואָל
געוויקלט מיין ערשטן געשריי.

גרינע קאָלטנס. פליכעוואַטע בערג.
אַמאָל איז געווען און איצט און אַלע מאָל —
און אמת איז דאָס ברויט וואָס מיר ברעכן צוזאַמען.
די קנאה. דער פאַל נאָך יעדן שטייג.
דיין ליבשאַפט, אונדזער קליינע טאָכטער —
פאַר איר זאָל זיין די לעגענדע.

אויפן מילכוועג לעבן גרויסן בער
ליגט דער מאַמעס פאַרלוירן שטערנטיכל,
און ס'זאָגט דעם טאַטנס באָרד מיט אַ שמייכל פון זשאַווער:
וואָס וועט זיין וועט זיין אָדער נישט זיין.

מער ווי האַמלעט האָט ער לאַווירט צווישן טויט און לעבן.
נאָר ס'האָט דער פּרינץ פון דענמאַרק
זיך ניט דורכגעשריבן ווי מיין טאַטע
אַזוי דירעקט מיטן מלאך המות:

אויסגעצירקלט אַ בע"ה היום יום ג'פּ' במדבר
האָט ער מיט אַ שטיקל קרייד אויף אונדזער טיר:
זיי וויסן אַז מיר וואוינען דאָ נישט מער
דרום: דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין צו קומען אַהער.

געוועז אַ מאָלער. בשתיקה פיינט געהאַט
דאָס פרומע בלוי. און איך האָב קיינמאָל
נישט געוואָלט קיין טרעף ארויף צום הימל.

די ערד. די ערד, דער ים — מיינע הימלען.
אין דעם ווילדוואוקס אויף די פאַרוואָרפנסטע אינדזלען,
פון דיינע און מיינע טעג געפינסטו אָפּט
אַ קוויטל פון יענעם מיידליש אומקלוגן טשאַטשקע פעלד.

פריינד מיינע, פליסיקע בלאָזערס וואָס איר זענט
איר מיינט אַז בלאָזן דאַרף מען נאָר אוטיליטאַרע זייפנבלאָזן —
כ'האָב געוואַנדערט, געאַרבעט, געזוכט און געזיכט.
אַלע מיינע אָדערן, דאָס מינדסטע פעדימל
אין מיין מוח איז אַ צייכן
אויף דער מאַפּע פון לעבן.

נאָר דאָרט וואו כ'האָב דיך געפונען,
דאָרט וואו איך זע די גאָלדענע פלוים פון דיין פנים
פלאַטערט מיין פענדל פון רו.

דו, מיר ביידע און אונדזערע חברים,
מיר זיינען שטאָטישע, נאָר אונדז איז ליבער
דער פויערישער פּאַמעלעך וואָס קלייבט געדאַנקען
ווי בערעס פון קליינע ביימלעך.

כ'האָב ליב מיט דיר די ווייס-געפלעקטע
שטילקייט פון נאַכט וואָס ליגט
ווי אַ הייליקע בהמה פאַר אונדזערע אויגן,
מיט פולע אייטערס טרויער.

לייענט דאָס קינסטלערישע פּראָזע־בוך

פון אליעזר בלום

# „אויפן וועג צום פּרץ סקווער"

32 קורצע, אינטערעסאַנטע דערציילונגען 328 זז"

פּרייז — $3.00

